# דֶער גְלִיקְלִיכֶער שְׁנַיידֶער

# ר' שְׁמוּאֵל גֶעצֶעל

אַרָאמַאן מִיט אֱמֶתְ'ע בִּילְדֶער פון לֶעבֶּען.

פון

**ג. ח. לעוונער.**

## ווילנא

СЧАСТЛИВЫЙ ПОРТНОЙ.

Разсказъ Г. Х. Левнера.

Съ Вилен. издан/я 1898 г.
Соб. изд. Л. Л. Маца.

## 1.

## אַנְעטְרַייעָ מוּטָע.

— „זָאל איך שוֹין אַזוֹי בַּיים אָמֶת זוֹכֶה זיין, „מיינעס“ זעהן, „קומענדיג געזונטערהייט, צוריק פון הארגנטינע, מיט אביסעלע „פרנסה, וויא איך האב ניי ביידען גיזעהן, גייענדיג גיארעמט...

— „ווידער עפעס אמעשה? ווידער עפעס אנאיעסל? הא? „וואס דער ציילסט דו בריינדעלע? וואס זאגסט דו: „ביידע גיארעמט!“ אט דיא עטליבע פראגען האט די באבע טריינע גיפרעגט פאר באי גייענדיג, אונ תאפינדיג אין לופט בריינדעלעס לעצטע ווארטער.

— „ניט קיין מעשה, אויך ניט קיין נייעס באבעניו!“ האט „בריינדעלע גיזאגט: „דאס בייד איך מיט זלאטע שמערלס, גלאט „אזוי, אט דער פון, וואס מען רעט באי אונז אין שטאטל, אז „דינסטאג באי נאכט, וועט זיין באי מאלצקען, אונזער שמואל „נעציל דעם גבירס טאכטער, אט באי דיא פארשוין, תנאים מיט „נאר אפיינעם חתן!“

— „נו? איז וואס? וואס זע בריינדעלע זאגסט דו עפעס „ביידע „גערעמט‘? הא? אנקעגין וואס איז דאס? איהר ווייסט דאך קינדערלאך, אז מיר אלטע ווייבער זיינען „מקפידי“ אויף דיא נארעשקייטען...

— „הערט איהר דאך!“ האט בריינדעלע גענאגט: „זלאטע „שמערלס“ קוויינקילט אויפען שידוך; איר גיפעלט ניט, אז אנא „חננערמאן זאל נעמען, אט דיא אלטע מאוסע מאד, אונ גלויבט „ניט, אז עס וועט זיין תנאים; דער צייל איך איר, [illegible] גערכטין פאר „נאכט, גאנץ שפעטלעך, גייא איך פון מייך מסתמא האב איך

„געדאַרפט ... באַנגענען איך דיא „קאַרטינע" נייענדיג מיט
„אים, מיט דעם יונגען מאַן, ביידע גע—אַרע—מט... אונ מען
„רעט אויף רייסיש, מאַקע זאָג איך ווִיא די גיבאָרענע פּראָוִוינציאַלן,
„מען שפּאַצירט ביידע לוסטיג, פריילעך, לעבעדיג! אפּנים אַז עס
„וועט יא זיין שדוך, מען וועט קיין דעות, ניט פרעגין באַי אונז"...
— „אונ וואס מיינט איר ווייבערלעך?" האט די באָבע טריינע
„מיט איר שטענדיג שמייכעלע גיזאָגט: פאר געסט ניט אַז טאלצקע
„איז פאַטעלעך אַמיידעלע אַיאר 28 געוויסע, אונ אפשר וויא זאָגט
„איר, מיט אַפּאר וועראַשאַק אויף יענער זייט שלשים... אונ דער
„חתן? זאָגט דאָך אַליין אַז ער איז אַ גרויש, אונ איז בלי שום ספק,
„עלטער מיט אַיאָר 10!... וואס איז אַזוי? איר מיינט, אַז מיר
„אַלטע ווייבער זעהן שוין גאר ניט? אויב איר מיינט אַזוי, האט איר
„טאַקע זייט מיר מוחל אַטעות... שבת אין שוהל, בעת מען האט
„אים, דעם גרויש אויף גערופין צו מפטיר, האָב איך זיך פון אַיבין
„אַראָפּ, גאַנץ גוט צו גיקוקט... וואס אַרט אַייך, ער האט אַקאָפּ
„אַבעוואַקסענע מיט גאַנץ היפּשע קברות בלאַטלעך... אַזעלכע
„גליקען, מאַגט איר ווייבערלעך שמואל געציל דעם גביר, פאַרנינגען
פון טיפען האַרצען, אַלע מאָל.
— „אָבער ווער איז ער, אונ פון וואַנען איז ער, ווייס מען?"
האט זלאטע שמעריל'ס גיפרעגט, מיט אַפּאר זאָרגט אונ פאר טראַבט
פנים, האַלטענדיג דעם שבן פון גראָבען פינגער ביים נאָז.
— „זאָג מיר זלאטינקע, אונ וואס איז דיר דיא נפקא מינה?"
„האט די באָבע טריינע געזאָגט: „וואס איז דיר, אונ מיר, אונ אונז
„אַלעמען ניט גאר גלייך, פון וועלכע ליטא ער איז? אַליטוואַק איז
„ער אונ... אַגרויש אויך, נענוג!... וואס נאָך ווילסט דו? אונ
„וואס נאָך דאַרפסט דו? זעהסט דו, וואלט ער גיוועזן אַליטוואַק ניט
„קיין גרויש, וואלט אפשר כדאי גיוועזן חוקר ודורש זיין, וויסען ווער
„ער איז? אָבער איצט אַטייערע שמאַטע! ווער ווייס וויפיל מאָל ער
„איז שוין גיוועזן אַגרויש, אונ וויפיל מאָל ער וועט נאָך זיין...

ניט

— „ניט מיינט באבע׳ האט זלאטע שמערלס גיזאגט : „אז איך
„וארג זייער פאר טאלצקען ? גישט קשה, זיא האט אגאנץ רייבע
„טאטען, ער זארגט פאר איר, ער וועט איהר מאוס פנים באדעקען
„מיט עטליבע הונדערטער וועט זיא באקומען איין אנדער פארב, אין
„די באקין, איך פרעג דאס נאר גלאט אזוי, ווייל מיר איז אריין אין
„קאפ, עפעס אנארעשע א ווייבערשע מחשבה, איך זאל וועלען
ווימען, ווער ער איז . . .

— ווער ער איז, ווייס איך ניט, נאר זיין פאמיליע ! האט די
באבע גיזאגט : „איצט איז דאך נאר די פאמיליע, דעם נאמען האט׳ש
„עס אוג מעק אוים, די פאמיליע ווייס איך, מען האט מיר אין שול
„גיזאגט ; זיין פאמיליע איז . . . א . . . נו ? . . . זעהסט מען טאר זיך
„ניט באריטען ; נאר ווארט אווייעלע, זיא ליגט מיר אוי פין שפיץ צונג,
„דאכט זיך אז אזוי . . . פי . . . פי . . . פי . . . פינג . . . יא, ריכטיג פינגער !״

— פינגער ? ווייסט איר באבע געוויס, אז פינגער ? האט איר
ניט קיין טעות הא? האט זלאטע שמערלס גיפרעגט ווייס ווערענדיג
וויא קאלך .

— גאט איז מיט דיר ? וואס איז דיר זלאטע ? זעה וויא דו ווייזט
אוים ! וואס פאר אפנים דו האסט ? האבין גיפרעגט ביידע ווייבער
מיט שרעק, די טויד בלייבע זלאטען .

— „גאר ניט, גאר ניט !״ האט זלאטע אפ ווישענדיג דעם פנים
„מיט אברעג פארטוך געזאגט, אנארעשקייט, געוויס אנארעשקייט,
„א דאכטענעס, ווייבערלעך, מער גאר ניט ; איר געדיינקט מיין
פיינע היענעם עליה השלום-ס טאכטער ? די שיינע בלומקע . . . איר
מאנס פאמיליע איז אויך גיוועז פינגער . . . שוין איאהר 15, טאקע
באלד פון נאך זייער חתונה, האב איך זיך מיט זיי ניט גיזעהן . . .

— „נארעשקייט זלאטע, נארעשקייט, מער גאר ניט !״ האט
„די באבע גיזאגט : „מיינכט אפנים אין אמת׳ן, אז איין זכר איז אין דר
וועלט ? וויפיל מיינסט דו געפינען זיך פינגער אויף דער וועלט ?
„אלפים ורבבות״ !

— עס קאָן זיין כּאָבע, איר זייט געוויס גירעכט !״ האָט זלאַטע געזאָגט: פון דעסט וועגען ליינ איך אויף פּאָסט אַבריפעלע מאָרגענדיגען טאָג, גלייך אהין צו מיין בלומקען, און מוז וויסען, וואס מיט איהר טוט זיך, איך זאָג אייך, אַז מיין האַרץ וויינט מיר אַזוי פיל, אַזוי שטאַרק, איך קאָן אייך ניט זאָגען.

— „אַגעטרייע מוטע, אַגעטרייע בּיזט דו זלאַטע !״ האָט דיא באָבע געזאָגט: „איז זיא דיר אויך אַזוי געטרײַ? שרייבט זיא דיר ווען אַבריעף?״

— זיא? פרעגט איהר? אויב זיא שרייבט מיר? און איין איין געטונקעטע פעדער האָט זיא מיר ווען געשריבען: אַגערוס, האָב איך יא אַפּאָר מאָל געהאַט פון איהר.

— און דו זלאַטע, האָסט יא געשריבען אַבריעף?

— אויב איך האָב געשריבען, פרעגט איר? אַשיינע זאך, איך האָב איר אַמאָל צעהן געוויס געשריבען, און גאָר צום לעצט, אַז איך האָב אַלץ קיין אַנטוואָרט ניט באַקומען, האָב איך געשריבען אַבריף צו איר, און איך האָב איהם געשיקט מיט צוויא שמירות... און או ך ניט באַקומען קיין אַנטוואָרט, אָט האָב איך אויף גיהערט שרייבען; נאָר גיהערט האָב איך פון גוטע לייט, אַז איר לעבען מיט איהם, איז אַצובראָכענער, ניט מיט האָניק בעשמירט. מעהר גאָר ניט!

— און פון דעסט וועגען, ווילט איהר מאָרגען ווידער שרייבען?״ האָט ברײַנדעלע געזאָגט: „אַ ניין, איך וואָלט זיך ניט מצער זיין, ווע' אפילו אַזעלכע קרובים, זאָלען אויס טריקענען, וויא אַשמאַטע פון היץ!״...

— זאָג דאָס ניט בריינדעלע, האָט די באָבע טרײַנע געזאָגט: „זלאַטע האָט אַגוט האַרץ · אַטייער האַרץ, זייער רעכט זייער גוט; שרייב זלאַטע, שרייב! וועסט דו באַקומען אַתשובה, וועסט דוא מיר אויך דער ציילען, הערסט ניט פאַר געס!״

דיא דרייא ווייבער, האָבּין נאָך אַהיפּשע צייט געשמועסט נערעט

גֶערֶעט, פון פאר שיידענֶע שְׁטאדְט עִנְיָנִים, און זיינֶען אַהיי[ם]
גֶעגאַנְגֶען. —

2.

# נָאר גְלִיק.

אַהויכֶער אַדארֶער אַקְוַואדְרֶער, מִיט אַמְאוּס פָּנִים מִיט אַלאַנְג לֶעבֶּען אוֹיס גֶעקְרִימְטֶען, נִיט אוּנְטֶער גִיפּוּצְטֶען נָאז, מִיט אַלאַנְג[ע] שִׁיטֶערֶע רוֹיט בָּארְד, דֶער צוּ גַאנְץ אִידִישְׁלֶעךְ נאאִיקְעוַואַ[ט]ע, אָ[ט] דָאס אִיז דִי רִיכְטִיגֶע בִּילְד פון שְׁמוּאֵל גֶעצלֶען מִיט אַיָאר 18—20 צוּרִיק, בְּעֵת עֶר אִיז גִיוֶועוֶען אַיין אַרְבֶּעטֶער, אַפְּרָאסְטֶער אַרְבֶּעטֶער וָואס גֶעמְט אַכְט רוּבְּל אַחוֹדֶש בַּאי אַשְׁנַיידֶער.

אַצַייט יָאהרֶען הָאט גִידוֹיעֶרְט, בִּיז שְׁמוּאֵל גֶעצִיל הָאט זִיךְ אוֹיס גִילֶערִינְט הַאלְטֶען דִי נָאדִיל וִויא מֶען דַארְף, גֶעבֶּען „אַשְׁטָאךְ" וִויא אַשְׁנַיידֶער, קָאנֶען אוֹיף גֵייצֶן אַוֶועסְט סִיט הוֹיזֶען „גְלַאטִיק": נָאר דֶעם „שְׁנִיט" דֶעם „קְרָאי" דָאס הָאט שְׁמוּאֵל גֶעצִילס מוֹחַ בְּשׁוּ[ם] אוֹפֶן נִיט תּוֹפֵס גִיוֶועוֶען; און וִויפִיל דִי שְׁנַיידֶער הָאבִּין אִים „גֶעדְרָאלְבֶּעט" (גֶעשְׁטָאפְּט) אִין קָאפּ אִיז גִיוֶועוֶען לְבַטָּלָה!

דָאס אִיז גִיוֶועוֶען אַמָאל! אָבֶּער אִיצְט? גְוַואלְד אִידֶען, וָואס גֶעלְט מַאכְט! אִיצְט אִיז שְׁמוּאֵל גֶעצִיל דֶער עֶרְשְׁטֶער מֶאנְש, דֶער עֶרְשְׁטֶער קָאפּ מֶאנְש אִין גַאנְץ טִיפְּשְׁוִוקֶע! אִיצְט קָאן עֶר שְׁנַיידֶען, אַז דֶר בֶּעסְטֶער שְׁנ ײדֶ ע ר דַארְף זִיךְ בַּיי אִים לֶערְנֶען! אִיצְט אִיז זַיין שְׁנִיט פִּלְאֵי פְּלָאִים! אִיצְט אִיז עֶר אַגְבִיר, אַחָשׁוּב, אַלַייט, אַגְרוֹיסֶער לַייט, וָואס הַיינט? וֶועןְ הַיינט? אִיצְט „שְׁטְרִיגֶעוֶועט" [ע]ר גְרוֹיסֶע גִישֶׁעפְטֶען... „שְׁטֶעפְּט, פַאר שַׁיידֶענֶע מִסְחָרִים; סאכ[ט] גְרוֹיסֶע עֲסָקִים, אַרְבֶּעט מִיט אַלֶע פִינְגֶער, און פַאר דְרַייט — נִי[ט]

דיא

יא פים — נאר, אגאנצע וועלט מאנשען דיא קאפ, ער איז אגאנצער מיידים!

— ״רייך, זייער רייך, איז די לעצטע יאהרען גיוואָרען שמואל נעציל!... זאגט נאטליבקע דער ראבער שניידערוק, צוא זיינע הנגידים״ פון וואנען האט זיך דאס צו אים מיט אמאל גינומען? גיוואלד געשריען מיר זיינען אויך עפעס ניט קליינע קיילעקעס, און מיר האבין גאר ניט... וויא קומט דאס?

— ״דו רעדסט ראבער, וויא אפערד בצורת אדם!״ ענטפערט אים אצווייטער שניידער; ״דו האסט וועין גיזעהן ווי: דורך נאכט ווערקסט אויס אשוועמל? דו ווייסט פון וואס די שוועמלעך נעמען זיך? אהא דו ווייסט ניט, טא העער וועל איך דיר דער ציילין; פון ״אביסילע ״סירעכט״ אביסילע בלאטע, מיט אהיפש ביסעלע ״שלעכטע לופט, אט דער פון פלעכט זיך אוים אשוועמיל... ״און פון אזעלכע סבות מיט מקרים, ווערט באי אונז דורך נאכט ״אגביר... אנגיד; שמואל נעציל איז ״אנאכט שוועמיל״. וויא דיא ״נאכט איז פינסטער, אזוי איז פינסטער די קוואלע פון זיינע עשירות, ״און וואס איז דיר חיט איינער ניט נאר גלייך, פון וואס ער איז ״רייך גיוואָרין? אביא ער איז רייך!

און מען מוז מודה זיין אז דער צווייטער שניידער, האט דעם מאל גיענטפערט דעם ״ראבען״ וויא אבר דעת; באי אונז אידין זעהן מיר ״נגידים—נאכט שוועמלעך, זייער אפט, און זייער אסאך נאר וואס איז אונזער דאגה. שמואל נעציל דער גיוועזענער לערין יונג, איז איצט אוים גיוואקסען אחכם. אלמדן, אבעל יועץ, גוט! זייער גוט!

וואס גייט אונז אן די עבר׳דינע צייט? וואס אמאל איז גיוועזן, איז איצט ניט צו זעהן! איצט זעהן מיר אז שמואל נעציל זיצט אין אגרוים גישעפט פון צוואנציג טויזענט רובל, מיט גרוים הרחבה; איצט זעהן מיר אז הונדערטע מאנשין קומען אלע טאג צוא אים! מען רעט מיט ״אים!״ מען פאר ברייננט מיט ״אים!״ מען דער ציילט חבר... ווארטליך... פון ״אים!״ אנדערע לאבען פאר ״אים!״

און אַנדערע ווייגען פאר „אים !" זיי נויינען מיט טרערין, מיט בלוטיגע טרערין! און ער ר' שמואל געציל, שטעקט אריין ביידע האַנד אין די קעשענעס, אָדער ער פאר לייגט זיי אַהינטער; שטעלט אויס זיין פעט בייכיל, מיט אַזא גרויסקייט מיט אַזא נדלות, וויא ער וואָלט זאָגען: „רבותי! איר זעט מיין אוצר ? . . . וואס דא ליגט פון „כל טוב, פון וואס אמויל קאָן ריידען, אט דא זוכט, וועט איהר געפינען, מיין יושר, מיין אמת. מיין פיינקייט, עדעלקייט, גוטסקייט, „און איבער הויפט מיין מאַנשליכקייט. . .: רבותי, גיט מיר כבוד! „האָרגט ניט אַז גיט מיר, וועמען דען ?"

און די מחשבה שפינעלט זיך אָפּ אויף ר' שמואל געצילס, משונה גראָבע ליפּעלעך, מיט אַטשיקאַוועו שמייבעלע, מחיה נפשות! און זאָגען מבינות אויף אַזעלכע „שמייכעלעך" מוז מען מודה זיין איז ניט פאר יעדערין, די מבינות געפינט זיך נאָר, נאָך באַי אַ ר' שמואל געצלען, דאס הייסט, מען דאַרף זיין אמיט בן חיט און אַזוי כסדר ביז אדם הראשונס הויט! . . . און אין אמת גירעט, פאַר וואס זאָל ר' שמואל געציל ניט שמייכלען? ער האָט דען עפּעס דאגות ? עס פעלט אים גיזונד ? פעטקייט ? אָדער געלט ? אַזעלכע ר' שמואל געצילס, אַזעלכע עדעלע, טייערע קינדער, זיינען ניט נאָר באַי אונז . . . באַי אונז פּראָסטע מאַנשען, אַזוי ציטעריג, ני מאָסטין, געוויינען, און נאָך גינגעבען; נאָר אפילו ביים מזל אַליין, זיינען זיי אויך די אויבערשטע פון די הרוסת. . . אַשפּאָס, אַז ר' שמואל געציל ניט זיך אַקרים, ווערט דיא מינוט, אַבהלה, אַרעש פון אַלע מלאכי חבלה, מען דר לאַנגט, און מען טראָגט, מען שלעפּט און מען ברייגגט, פאר שיידענע פּישלעך, מיט ראַזגע העכטלעך, מען בראַט זיי, און מען פרעגילט זיי אין טרערין, און מען וואַרפּט זיי גלייך ר' שמואל געצלען אין מויל, אין די ציין . . . אַזוי לאַנג ביז די בייכיל ווערט אים פול. הויך געפּאַקט, מיט אַקויפּ, און ר' שמואל געציל הערט זיך אויף קריטען.

אתענת

אַתּענוג, אַפָּארגינגען צו זיין בּאי אַלעמען אַזוי חשוב.

אַפּנים דאס איז ניט קיין חכמה, נאָר גליק, מזל, און מער נאָר ניט! און וויא איז אַנדערש? שטייטש! און נאָך אַמאָל שטייטש, אַזא מאוס מיידיל, אַזא מאוס פּנים וויא די טאלצקע איז! הא? וויא זאָגט איהר? דאכט זיך, די זעלבּיגע מיידעל, חלילה בּאי אַמאטין אַקבּצן, וואָלט זיא ניט געזעסען בּיז אין גראָהען צאפּ אַמאד? וואָס, ניט אַזוי? בּאי גיבּיינע עלטערען, וואָלט אַזא אַלט מאוס-פּנים ניט כּח האָבּען, ציילען זיבּען מאָל שלושים? און ר׳ שמואל נעצלען טרעפט אַגליק, אַמבּרייפּענער גליק, קומט אַיונגער מאן, וואָס?—פינף און דרייסיג יאָהר איז ניט אַיונגער מאן? אַהויבּער, אַדיקער, אַשיינער, און טאלצקע געפינט חן אין זיינע אויגען, און עס ווערט אַשדוך

אַפּנים, אַז "בּראַק" איז נאָר די אָרעמע מיידעל, זיא מאג זיין מיט אַלע מעלות, שיין, פיין, קלוג, געבּילדעט! נאָר די רייכע מיידעל, די נגידישע מיידל איז קיין מאָל ניט קיין בּראַק, עס מאג איר פעלען, געזונד, שכל, נוטע מדות, אָפילו אַפּאָר פאָדערסטע צאהן, מיט אַשטיקעל נאָז, מאכט גאָר ניט אוים, אויבּ ניט צו פינף און צוואַנציג יאָהר איז צו דרייסיג יאָר, אָבּער עס געפינט זיך אַבּעלן, און ניט זעלטען בּאַקומט זיא דעם בּעסטען בּיפסטיק.

יאַ אַזוי איז דאס, ניט ר׳ שמואל נעצ׳לס חכמה, תורה, השׂכּלה, אָדער יראת שמים, האט דאס געמאכט, נאָר זיין גליק, זיין מזל!

—∽∽—

## 3.

### באלד נאך שֶׁבַע בְּרָכוֹת.

— „דער לעבּעדיגער דער לעבּט אַלעס דינג!“ ביידין אויפין מאַרק דיא טפּשָׁוועֶר ווייבּער איינע מיט דיא אַנדערע: „אָט האָבּין מיר דער לעבּט געכּטין בּייא נאכט טאלצּקעס תְּנָאִים, אונ מיט גאָטעס הילפֿע וועלין מיר עלטער ווערין מיט נאָך צְווייא וואכין, וועלין „מיר זוכה זיין איהר פירין אונטערין חופּה; ניך גיך מהוט זיך בּייא „דיא נגידים!“

אונ גיך זיינען פאר בּייא דיא צְווייא וואכין, הָגַם אין יעדער טאג אונ יעדער שָׁעָה, האט זיך גיהערט אַנדערע נייעס, מיט אַנדערע רייד; אַזעלכע נייעס, מיט אַזעלכע רייד, וואס האָבּין אויף גיקאָכט אַלע בּלוטין, אויף געבייצט אלעמעס קִנְאָה, ניט נאר בּייא דיא מיידלעך, אֲפִילוּ בּייא אלע יונגע אונ עלטערע ווייבּלעך, מען האט נאר גיהערט וויא אלע שמוצערין מיט דיא ליפּין, וויא אַלע שאקלען מיט דיא קעפּ, וויא יעדער זאגט:

— „וואס פאר אַחְדוּשׁ אזא גְבִיר, אונ איין איינציגע טאכטער, זאל זיא ניט געבּין אַזעלכע טהייערע קליידער? וועֶר דען?“

— „סטייטש! איהר הערט? דַבּיי ניידענע לעטנע רעטאנדעס!“ אונ צווייא פּיקסענע, קאָסט געוויס זעקס הונדערט, אונ אֶפְשָׁר נאר דיא אַכט, אונ ווער וויים, אויבּ ניט די גאנצע טויזענט קארבּין!...

— „דאס זאגט איהר רעטאנדעס! וואלט איהר זעהן וויפּיל זיידענע פּלאטעס, וויפּיל סאמעטענע, בּארכעטענע, פּיקסענע, פּליסענע; איהר וואלט זעהען דעם גאָב?... איהר וואלט זעהען די העמדער, די אויסגייעכצן... דיא קרוזעוועס מיט דיא „אַבּדֶעלקעס?“ איז נאר מְשׁוּגַע צו ווערין, דיא אוים טראכטין, וויא מען טיים דאס פון אלץ דינג“...

— ווער דען? נאש בראט נייס עפעס? מיר לעבען אויך אלעבען? אט שלעפט מען אויף זיך, דיא אלטע ווייסטע טראגטעס. מאקע אזא פנים האט מען!...

אונ אין גאנץ טפשוקע, האבין דיא מיידלעך, די ווייבלעך, אלע דאמען, מיט אלע בלומרשט שיינע צורהקעלעך, אטרען גיגעבין דיא אדרין ביי דיא ארעמע מאטעס, מאמעס, ביי דיא ארעמע מאנ״ן, יעדערע מיט אנדערע עברי. יעדערע מיט איהר נגון, מיט איהרע טראפ; ווער מיט אלאך, מיט אשמייכיל; ווער מיט אבייזער, מיט אגיפטיגין „קוק״... אונ ווער מיט אטרער... אונ מיט „ברעןעלעך״... אז מען זאל זייא מאכען צו רב שמואל נעציל מאכטערס התונה — נאייע בגדים! מיין גאנץ טפשוקע קאכט, עס ראשט, דיא שניידער לויפין, מיט דיא מאסין, מיט דיא „פריטמ״רקעס״ אנדערע לויפין שוין דעם דריטען דעם זיבעטין מאל ב״טין שניידער געלט... אנדערע לויפין מאפין איינער ביים צווייטין אהלואה דרייא קארבין, פינף קארבין, אויף „פדיון שבויים״ דאס הייסט אוים לייז געלט... דער שניידער האט אבער גיזאגט: „דיא ארבעט איז פארטיג, מען זאל געלט ברייגגען אונ דיא ארבעט אפ נעמען!״... אנדערע לויפין, אונ אויף נייערע פעניםער ליגט אמין אוים גוס פון רחמנות פון גרוים בקשה, וואס מען איז זיך מכי בעטין ביים קליינגיק ער זאל געבין סחורה... ביז מען וועט אמאל פאר דינ״ן, ביז מען וועט אים אמאל אפ געבען!

גאר גילויבט איז דער בורא... אין טפשוקע אויפין שוהל הויף, איז איצט פרייליך, ממש לעבעדיג... אלע אידישע טעכטער שיינען, אלע זיינען אוים געפוצט אוים געצירט, מיט דיא „בלומען-ט יפ״ אויף דיא קעפ, (איר רופט דאס היטעלעך ' ניט בלומענטעפ? בין איך אויך ניט שולדיג)! אללע מאגסבילין יונגע אונ אלטע קוקען מיט ליבע אפט, מיט חן אונ מיט חסד, אויף דיא נוטע ברוכ׳ע קלוג טעכטער פון דיא היילינע אמהות... נאר וועמען ליגין זייא אין זינען?... ווער קוקט זיך איצט אום אויף

מאַנְסְבִּירְן איִצְט שְׁטֵייעַן אַלֶע וַוייבֶּער צוּזַאמֶען גֶעקוּועצְט, צוּזַאמְפְּעֶן גֶעשְׁטִיקְט וִויא דִיא שֶׁעפְּסִין, אַרוּם חוּפָּה, אִיצְט הָאט יֶעדֶער אוּנ אוּנ יֶעדֶערֶע פַאר גֶעסִין אוֹיף אַלֶע הַיימֶעשֶׁע צָרוֹת... אוֹיף אַלֶע דאָגוֹת, אוֹיף אַלֶע שְׁמֵייכְלֶען, אוּנ טְרֶערִין, אִיצְט הָאט מֶען פַאר גֶעסִין, אֲפִילוּ אוֹיף דֶעם גְרוֹיסִין, שְׁלֶעכְטֶען רֵיחַ פְּבְּהִילָה וְוִאס שְׁטִיקְט בִּיז טוֹיט אוֹיף טִפְּשָׁוֶוער שוּהל הוֹיף, פוּן עֶוִויגֶע יָארִין; אִיצְט אִיז יֶעדֶערֶער פַאר נוּמְמֶען מִיט דִי מַחְשָׁבוֹת, — „דוּ זָעהְעַסְט פריידעל מַיין „גַאִיסֶעל“ וָואס אִיךְ טְרָאג אוֹיף זִיךְ? הָא? דִי אֵייגֶעלֶעךְ דיינֶע קְרִיכִין דִיר אַרוּים... אִיךְ זָעה נִיט וִויא דוּא זַאַרְפְּסְט אֵייגֶעלֶעךְ? עֶס קְרֵיינְקְט דִיר גוּט! לָאפְּגֶע פריידעלע, לָאפֶּגֶע!“...
אוּנ בריינדל, שְׁטֶעלְט זִיךְ אוֹיךְ אוֹיף דִיא שְׁפִּיץ פִּים פִּינְגֶער, זִיא וָואלְט זֵייעַר חֵשֶׁק הָאבִּין, אַז זִיא זָאל אִיצְט וֶוערִין אוֹיף אַוַוייל „אַוֶועלִיקַאן“ הֶעכֶער פוּן אַלֶעמֶען, כְּדֵי אַלֶע זָאלִין זֶעהֶען אִיהר „נֵייעֶסֶעל“ אִירֶע קְרוּנֶעוֶועס, אִיהר „בְּלוּמֶענְטָאפֶּף“ אוּנ בְּדֵי שאשע, אוּנ דוואשע, פעסע אוּנ גנעסע זָאלִין זִיךְ לָאפֶּגֶען פוּן קִנְאָה... אַךְ וִויא זִיא וָואלְט וֶועלִין, אַז אִיצְט וָואלְט גִיקוּמֶען אֵיין עוֹג מֶלֶךְ הַבָּשָׁן, אוּנ זִיא אַרוֹיף הֵייבִּין בַּייא זִיךְ אוֹיף דִיא פְּלֵייצִין, כְּדֵי דִיא גַאנְצֶע פוּבְּלִיקֶע זָאל זִיא זֶעהֶען... אָט דָאס וָואלְט גִיוֶועזֶען אַחֲיוּת... דָאס וָואלְט גִיוֶועזֶען אַשְׂכֵּל! — נָאר אוֹיס מַחְשָׁבוֹת, אָט הָאט מֶען גֶעבְּרַאכְט דִיא כַּלָּה, אָט דְרֵייט מֶען זִיא אַרוּם חָתָן, אָט זָאגְט דֶער חָתָן דֶעם פָּסוּק... אָט לֵייעֶנְט דֶער רַב דִיא כְּתוּבָּה, דֶער חַזָן זָאגְט דִיא בְּרָכוֹת, אוּנ מז״ט שְׁרֵייט מֶען מז״ט שִׁיטִין זִיךְ, זִייא כַּאלִין וִויא דִי הָאגִיל פוּן אַלֶע זֵייטִין, דֶער עוֹלָם לוֹיפְט, דֶער עוֹלָם לֶעבְּט. עֶס אִיז שָׂשׂוֹן וְשִׂמְחָה! —

חָתָן כַּלָּה גֵייעֶן בֵּיידֶע פוּן דִיא חוּפָּה גִיאַרֶעמְט, דְרֵייא טוֹיזֶענְט רוּבִּיל דֶעם אָבּ גֶעצֵיילְטִין נָדָן קוֹדֶם הַחוּפָּה. הָאט דֶער חָתָן אִין קֶעשֶׁענֶע, דָארְט לִיגְט זִייא גַאנְץ זִיכֶער, דִיא מְחוּתָּנִים גֵייעֶן פוּן דִיא זֵייטִין, כְּלֵי זֶמֶר פָאר אוֹיס, מֶען שְׁפִּילְט פְּרֵיילִיךְ, אוּנ גוּטֶע פְרֵיינְד [illegible] זִיךְ פוּן אַלֶע זֵייטֶען, מֶען שְׁפְּרִינְגְט מֶען מַאנְצְט...

נאָר פְּלוּצְלוּנג איז גיוואָרין אַרעש, אַמְהוּמָה אַגעשְׁרייא „וואַסְּסָער! וואַסְּסָער! טאַלצקע האָט זיך אויס גיצווינגין אין מיטען נאָס, געבְּלִיבּין מְלֻשׁוּת, דאָס זעלבּיגע ער רבּי שמואל געציל, אַקוק טאָהן אויף זיין פָּנים איז אַשְׁרֶעק, מען לייגט שְׁעגערע אין קֶבֶר דער חָתָן שְׁטייט וויא אַשְׁטאָלְב, וויא אַמְבּוּלְבְּלָער, צְווייא ווייבער האַלְטִין אים פאר די הענד איינע זלאַטע שמערלס, און די צְווייטע אַפְרעמְדע, אַקְלֵיינע אַשְׁוואַרְצֶע אַפּאַר השְׁכבּטָע, און שְׁרייט: גַזְלָן גיב מיר אַפֶּריער גט, דער נאָך האָבּ חֲתוּנָה! ראַזְבּוֹינִיק וואָס האָסטו צו מיר?״

— „ווער איז זיא? פון וואַנען איז זיא?״ פְּרעגין הונדערטער קולות.

— „זיא איז מיינע!״ ענטְפערט זלאַטע, „מיין שְׁוועסְטער טאָכטער, בּלוּמקע איז דאָס... איר גידיינקט אידין, וואָס פאר אַשיינקייט זיא איז אַמאָל גיוועזן, און איצט איז זיא אַזוי השך! אַי אידין באַטְעוועט ריא וועיבּיל פון דעם גזלנס הענד״...

נאָר דער חתן איז גיקומען בּאַלד צוּ זיך, ער האָט די בּיידע ווייבער אָפּ געשְׁטוּפּט פון זיך מיט גרויס כֹּח, זיך געמאכט אַוועג דורך דעם גרויסין עוֹלם, און איז אַוועק...

ער איז אַוועק און ניט טאָ, וויא אין דער ערד אַריין! יאָג, לויף, זוך, בּיז אַסטאַנציע איז גאַנצע דרייא וויארסט, און בּיז אַלע מחותנים, מיט די כַּלָה זיינען צו זיך גיקומען האָט גידויערט בּיז פאַר נאַכְט... אין איין רגע, זיינען אַסך האָפְּפוּנגען צוּ גרונד געגאַנגען! —

טאַלצקע האָט געמיינט, אַז זיא האָט שוין אַחָתָן, איז דאָס אַטָעוּת; ר׳ שמואל געציל האָט געמיינט אַז מיט דיא דרייא טויזענטער האָט ער זיך גיקויפט אַקינד, אַגוּטין איידים, האָט ער געבּיך גיהאַט אַטָעוּת; זלאַטע שמערלס האָט געמיינט אַז זיא וועט ראַטעווען מיט איר בְּריף, איר בּלוּמקען, איז דאָס גיוועזן אַטָעוּת; בּלוּמקע האָט געמיינט זיא וועט האָבּין דעם „קוילער״ וועט איר אַרויס קומען אַטוֹבָה, אַיְשׁוּעָה, האָט זיא אויך גיהאַט אַטָעוּת!... און וועין איז דאָס גיוואָרין? טאָקע בּאַלד נאָך שֶׁבַע בְּרָכוֹת!

# 4.

## אַפַּיינֶע הַמְצָאָה.

אַחָארט פון אונזער הייליגע תּוֹרָה, איז טהייערער פון גאָלד; אונזער תּוֹרָה זָאגט: כִּי הָאָדָם עֵץ הַשָּׂדֶה, ד. ה. דער מענש איז צום בוים גְלייך, דיא ווערטער זיינען הייליג ריכטיג! — האט איהר אַמָאל בעטראכט? דאכט זיך, אַהויכער, אַגְראָבער, אַשְׁטַארקער בוים, מיט גרויסע ברייטע לאַנגע צווייגין, מיט גרינע בלעטער; מיט אַמָאל האט אַווינטעלע נִיגעבּין אַבּלאז... דאכט זיך גאר ניט קיין גרויסער, קיין שטארקער "בּלאז" אונ דער "בוים" דער געזונטער דערמיט, האט זיך איינגעבויגען, איבער ניבּראכין, אונ ליגט נעבּיך אויס געצויגין וויא גרויס ער איז...

"אָה שרעקליך, וואונדערליך, סטייטש אזא בוים ז"ט מראכטין מיר מענשין קוקינדיג אויפין בוימס בראך, אויף זיין מפלה; נאר אונז וועט כּלל ניט וואונדערין, אונ קיין חדוש זיין, בעת מיר וועלין זיך צו קוקין, צו דיא הארץ, צו דיא פאר פוילטע "דראכלע" הארץ פון דעם בוים! קוקענדיג מיט אָפענע אויגין אין "תוך" אריין, וועלין מיר זעהען, אז דער מלאך המות זיינער דעם בוים-ס איז זיך גיזעסין שטילערהייט, טיף, טיף אין זיין הארצין, אונ האט אים צו עסין, צו פוילט זיין הארץ, צו גענומען זיינע בעסטע כוחות, איהם פוסט אונ ליידיג געמאכט, הגם פון אויס ווייניג, האט ער נאך בלוזירשט גענרינט, גיזען מיט בלעטלעך בעוואקסין; אונ דעריבער וויל זיינע אינערליכע קרעפטין זיינען גיוועז שוואך אונ שלאף, האט דער קליינער ווינטעלע, דער קליינער "בלאז" אים איין גיבראכין, אראפ געריסין זיינע אַלע צווייגין, אונ אויס געריסין פון וואָרצ׳יל. —

אַמענש, אונ בפרט אַמענש אַסוחר, איז אויך דאס זעלביגע, ער איז אויך אַבוים!

מיר זעהען אָפט אַסוחר, אַגרויבער סוחר, האנדילט אויף

אֲלָפִים וּרְבָבוֹת, פִּירְט גְרוֹיסָע גִישֶׁעפְטִין, עָס שְׁרַייט, דיא וָועלְט קֶערְט זִיךְ, אָשְׁטוּיב בִּיז אִין הִימְמִיל... אוּנ מִיט אַיין מָאל, דאַךְ נַאכְט, הָאט אוּוִינְטֶעלֶע אַבְּלָאז גִיגֶעבִּין, אוּנ דֶער „בְּלָאז" הָאט אַרָאפּ גֶערִיסְּין בַּיים בּוֹים, דָאס אִיז גֶעמֵיינְט בַּיים גְרוֹיסִין סוֹחֵר, זַיין וִיוָועסְקֶע... זַיין נָאמְמֶען... זַיין כָּבוֹד, מִיט זַיין גַאנְצֶע עוֹלָם הַזֶה... אַשְׁטֵיינֶער עֶטְלִיכֶע טָאג כְּסֵדֶר וואוּנְדֶערִין מִיר זִיךְ: שְׁטֵייטְס! אוּנ נָאךְ אַמָאל סְטֵייטְשׁ! וִויא אַזוֹי? גְוַואלְד וִויא אַזוֹי? אַזַא גְבִיר? אַזַא סוֹחֵר? נָאר אַז מִיר זָאלִין פַאר שְׁטֵיין דיא וָוערְטֶער: כִּי הָאָדָם עֵין הַשָׂדֶה, דֶער מֶענְשׁ אִיז צוּם בּוֹים גְלַייךְ, דָאס הֵייסְט בֵּייא בֵּיידִין אִיז אַיין גֶעשִׁיכְטֶע, אַיין מִקְרֶה, וָואלְטִין מִיר פַאר שְׁטֵיין, אַז אִין דֶער „מִיטְטֶע" פוּן דיא אַלֶע גְרוֹיסֶע גִישֶׁעפְטִין, אִין דֶעם „תּוֹךְ" פוּן די אַלֶע רַייכֶע גְלִיקְלִיכֶע עֲסָקִים, אִיז גִילֶעגִין אַוָואְרִים, אַשְׁרֶעקְלִיכֶער וָואְרִים, וָואס הָאט גֶעטָאכְשֶׁעט, גֶעגְרִיזֶעט, גֶעזוֹיגִין, אוּנ אוֹיס גִישְׁמָאכְקֶעשֶׁעט אַלֶע בֶּערְכְטֶע כּוֹחוֹת, בִּיז עָס אִיז גִיבְּלִיבִּין וִויסְט אוּנ פּוּסְט, תֹּהוּ וָבֹהוּ! בִּיז עָס אִיז גִיבְּלִיבִּין נִיט מֶער וִויא דִי אוֹיבֶּערְשְׁטֶע שְׁטִיקֶעלֶע גְלַאנְץ... פוּן אוֹיבְּען כְּלוֹמֶרְשְׁט אִיז פַאר גְלֶעט, פַאר פּוּצְט, נָאר דֶער „תּוֹךְ" אִיז שׁוֹין לַאנְג צוּ פוֹילְט, צוּ בְּרָעקִילְט, אוּנ פַאר גִיכְטֶעט אוּנ נָאר דֶערִיבֶּער הָאט דֶער אַיין בְּלָאז גִיהַאט בְּכֹחַ אַרָאפּ רַייסִין דיא וִויוָועסְקֶע מִיט בַּכֹּל מִכֹּל כֹּל...

ר' שְׁמוּאֵל נֶעצִיל דֶער נָגִיד, אִיז אַגְרוֹיסֶער נָגִיד, טַאקֶע אַגְבִיר מָאג מֶען זָאגִין, זַיין הַצְלָחָה גֵייט אִים פוּן אַלֶע זַייטִין, נָאר דֶעם „תּוֹךְ" וֵוייס קֵיינֶער נִיט...

נִיט זַיין גַאֲוָה, נִיט זַיין שְׁטָאלְץ, נִיט זַיין יִחוּס, נִיט זַיין שֵׂכֶל... וָואלְטִין נִיט בְּשׁוּם אוֹיפִין בְּעוֹלָם דֶער לָאזְין, אָדֶער מַסְכִּים גִיוֶועזִין דֶער צוּ, אַז עֶר ר' שְׁמוּאֵל גֶעצִיל טִיפְשׁוּוֶער גְבִיר זָאל נֶעמֶען פַאר זַיין טָאכְטֶער, פַאר זַיין בַּת יְחִידָה אַזַא חָתָן... אַחָתָן אִין דִיא יָאהרֶען... אַחָתָן אַגְרוּשׁ... אַחָתָן נִיט נָאךְ זַיין כָּבוֹד, כְּלַל נִיט נָאךְ דֶעם כָּבוֹד, וִויא פַאר אִיהם פַּאסְט, נָאר...

אִיהר פַאר שְׁטֵייט וַואס דֶער וָוארְט „נָאר" בַּעדַייט? נָאר ...

זאל מען מאַך אַז מען סוז, אַז לית ברירה ... ר שמואל נעציל
האט געוואוסט אַסוד, וואס האט אים גיוואָרפין אַלע ווייל אין
קעלט אונ אין היץ, אַסוד וואס קיינער ווייס ניט לעת עתה, נאָר
ער אַליין! ער האט געוואוסט אַז דער היינט איז פלומרשט זיינער,
נאָר דער „טאָרגען" וועט ווייס? ר' שמואל נעציל האט געפיהלט,
אַז דער אינגליק וואַרים, פיקט, עסט אונ גריזעט איינוויינג נאגין
טיף, אין דעם מיטט פון זיינע מסתרים! ער האט געשפירט, וויא
זיינע כוחות גייען אויס ... זייא ווערין פון מינוט צו מינוט, שלאַפער,
שוואַכער, דיא לעבעדיגקייט פון זיין גליקליכין עסק שטאַרבט; דר „תוך"
פון זיין מסתר ווערט פוסט אונ ליידיג ...

ר' שמואל נעציל האט ניהאט אַצעהענדליג גליקליכע יאהרען
אונ ביי דיא גליקליכע יאהרען, זיינען גיוועזען גליקליכע מחשבות;
ר' שמואל נעציל האט גיטראַכט ניט אנדערש נעמען איין אַיידים
„אַצאַצקע!" טאַקע נאָר אַגיענדיגטען, אונ דער „גיענדיגטער" זאל
ניט זיין אַבי ווער, ד. ה. אַקבצן אַדלפון, מיט אַהויל נאַקעטען,
וויא הייסט דאס? וויא רופין זייא דאס? דופלאס!... חלילה, ער
האט געוואלט נעמען נאָר אַגיענדיגטען, נאָר אַטאַטעס אַקינד, דאס
הייסט דער קינד זאל האבין אַטאַטין, אונ דער טאַטע זאל האבין
אַבאַר מאג, אַגרויסע עשירות, לפחות אַתרפ"ד אלפים רובל; אַז
קריכין אין יחוס טא דארף מען קריכין זאל כדאי זיין! נאָר קריכנדיג האט
ר' שמואל נעציל באַקומען איין „אַנצוהערעניש" ער זאל זיך מטריח
זיין גריכין צו ריק ...

ר' שמואל נעציל, האט זיך אַביסלע אָפּ גערוהט, אַביסלע
אָפּ גיהאַלטין, אונ זיך גיוואָרפין אויף איין אַנדער זייט; נאָר אַי וויי! ווידער
דיא נעמליכע תשובה; ער האט גיפּראָבירט אַדריטען אַפינפטין
אַצעהענטען מאָל, אונ דיא זעלבינע תשובה! ... אָט איז ר' שמואל
נעציל גיוואָרין ביי זיך, צראָפּ גיפאַלין, טאַקע שטאַרק אַראָפּ
גיפאַלין, אונ פון גרויס ווייטאג מיט פאַר דראָס, האט ער זיך
שטאַרק זאַאיקעוועט אונ געזאָגט: „אי ... אי ... איך ... לא ...

לא... לא... לא... לאָז פון-ניי ד' אַ. ר' שמואל נעציל, האָט די אַלע ווילדע מיוחסים אויסגילאַכט, מאַקע שטאַרק אויסגילאַכט, נאָר אויף זיין אַמאָליגען שניידערשין אופן, אונ האָט צו זיך גיזאָגט.

„בין איך ניט אַמשוגע פון משוגעים הויז? בין איך דען ניט אשניידער „אַפּלגא עד היום הזה? וואָס טויג מיר פוסטער יחוס? צו וועלכע „רוחות דאַרף איך זיך שטופין אויבין אָן? אַז איך האָב פאַר דיא „אויגין, פאַר מיין טאָלצקען אַתתן וואָס בעסער דאַרף מען ניט, „וואָס בעסער נייס איך ניט אויב עס קאָן נאָר געמאָלט זיין? אַסאַך „יונגע לייט אָנעלכע, ווי דיא מיין חצקיל מאיר, וויא מיין ברודערס „בחורל איז, וועלגערין זיך אין דיא גאַסין? הא? אַשיינער איז ער, „אַקלוגער אויך אַגעראַטענער מיט אַלע מעלות געווים! ווער איז „בייא מיר דער גאַנצער טהוער, דער גאַנצער פירער, ניט ער? „וואָס דאַרף איך אַבעסערין שדוך? וואָס דאַרף טאָלצקע אַבעסערין „חתן? אַי וואָס ער איז ניט רייך, ער האָט זיין גאַנצין אייגינם „אַטויזענט שקאַרבאָוונצעס... נו.., . וועט ער שוין ווערין רייך... אים וועל איך קאָנען אָנטרויען מיין גאַנצען אייגינם, ער איז מיין פּלימעניק, אונ מיין אֵיידים... „איבער מאַכין" אַלץ, טאַקע אַלץ, פון האָר ביז נאָר, אויף אים, אויף זיין נאָמען! איז דאָס ניט אַקונציגער אַטייערער פּלאַן? אַפּלאַן פון אַלאַנד חכם? אונ אויס פירין מיין מחשבה, ברענגען דיא זאַך צום תכלית, וועט מיר גאַנץ גרינג אָנקומען, חאַצקיל מאיר וועט זיך אָנכאַפּין מיט ביידע הענד, ער וועט זיך שעצין פאַר דעם גליקליכסטען, אונ אַלע וועלין איהם מקנא זיין!"

אַצייט, איז ר' שמואל נעציל גיזעסין פאַר טראַכט מיט דיא גליקליכע מחשבות, מיט דיא פיינע המציאה.

## 5.

### קיינער ווייס ניט.

אַפּיינער אַשטילער בחורל איז גיוועזן חאַצקיל מאיר, ר' שמואל נעצילס

געצילס פּליטָעניק; זיין לאַנגליכער פּנים, מיט זיין לאַנגען דינגעם גענעלע מיט זיינע העל סערע אויגען, מיט זיין הויכין ווייסין שטערין, האבין אַלס דינג צו זאַמען, גיהאַט אַבעזונדער חן; אַלע קונים וואס פלעגין קומען צו ר׳ שמואל נעצלען אין קלייט, אַלע האבין ליב גיהאַט דעם כהורל; אונ האצקיל מאיר מיט זיין גיעוטהדינגען ריידין, מיט זיין זיסע שטימעלע, פלעגט צו ציהען יעדער וואָרט קונה צו זיך וויא אַמאַגנעט. —

דאס זיינען שוין פינף יאהר, צייט ער דינט ביים פעטער, אונ איז מיט דעם וועלבינגען כבוד, ביא יעדערין, מיט די וועלבינגע ליבשאפט, וויא ער וואלט גיווען אַן קומען אין נישעפט.

ר׳ שמואל געציל איז תמיד. — ביא זיך אין הארצין — העכסט צו פרידין גיוועזען, אַט מיט דעם שפּיקעל אינגעל, מיט זיין קרובל, אַט מיט זיין ברודערס אינגיל, וואס ער, זיין גישטארבענער ברודער דער גיוועזענער כל ימיו אַקבצן, האט דעם יתום איבער גילאזין אויף זיין קאפּ, אויף זיינע פּלייצין... ר׳ שמואל געציל, האט דער ארומען עלענדען קינד, קיין מאל ניט געוויזען אַברייליכע מינע, אפריינדליכען קוק, אשטיקעלע התקרבות, ער האט זיך תמיד געוויזען געגען אים מיט גרויסקייט, מיט גדלות, גיקוקט אויף אים תמיד מיט אַפאַרחמארעטין פנים, וויא מען קוקט פון גאַנץ הויך, אַראפּ אויף אַגאַנץ נידעריגע זאך.

נאר האצקיל מאיר, האט געוואוסט דעם אמת באי זיך, אז ער איז ניט מער וויא אַמשרת... אַמשרת באי אפּרעמדין, באי אַבייזין בעל-הבית! ער האט זיך גאר ניט געוואלט איין ריידין אַז ער דינט באי אַפעטער... אונ האט נעדינט גינציג, געטראי מיט אמת, אפ גיגעבען דעם בעל-הבית מיט זיין פרוי אונ קינד דעם גרעסטין כבוד, נאך מער אונ גיכער פון אַנדערע משרתים, נרונד פרעמדע. —

עס זיינען אפילו געוועזען אזעלכע גוטע פרומע נשמות וואס האבין האצקיל מאיר׳ס, "דעם לעבען לייגין פאר דעם פעטער„ גיט

נעקאנט

געקאנט צוא זעהן; זייא האבין חאצקיל מאירין זייער עצה טובה גיגעבין, ער זאל אקאפעלע פאר קלעגערין זיין געטריישאפט צום איין קאלטין בעטער, נאר דיא עצות, זיינען האצקיל מאירין געפלויגען פאר באי דיא אויערין, אונ ער האט זיינס געטאהן מיט אמת!

נאר וואס געווען אמאל איז איצט ניט דא, דיא צייטין בייטין זיך, וואס געוועזן געבטין — שווארץ, איז היינט ווייס. אונ פארקערט: רב שמואל נעציל איז אסור, אונ אסור איז מחויב, ווייסבין אונ קאנען מאכען אלע ווייבע, אלע רגע נאייע אנשטעלין, נאייע תנועות, מיט הויות... וויא אים פאסט צום טאנין, וויא אים פאסט צום טייטער... צום קעשענע! אט זיינען שוין אפאר וואכין צייט, וויא רב שמואל נעציל רעדט זיך דורך מיט זיין פלימעניק גאנץ פריינדליך, ער רופט אים זאגאר אפילו. טהיי טרינקען מיט זיך, ער איז זיך צו אים אזוי מתקרב, גאר וויא אקרוב, וויא אטאטינס אלייבליבער ברודער.

ניט נאר אזעהענדינגער, נאר אפילו אבלינדער האט אויך געקאנט באמערקען אונ שפירין, אז בלאוט איצט דער ווינטעלע פון וואַרעמען זייט... אמחיהדיגער אליבער ווינטעלע...

אלע משרתים אין קלייט האבען "באמערקט" אונ האבין צווישין זיך גערעדט "מכח דעם" אז זין דיא אלע גוטינקע ביידעליך, ליגט אטיפע פאליטיקע... רב שמואל נעציל וויל אים פאר איין איידים האבין. —

וויא באי אלע קהלשע ענינים, אזוי דא, זיינען דיא דעות געווען פארשיידענע; איין צד האט געזאגט: "צוא ערשט דארף חאצקיל מאיר משוגע ווערין, זיך פון זינען רירין, דער נאך דארף ער אחתן ווערין פאר טאלצקען... אנא בחור, מיט טויזענט קארבין געלט, קען אוים הייבען דעם פינגסטין שדוך!". דער צד שכנגד האט געדרונגען אקאראט פאר קערט: דיא האנד אונ פים דארפטען אים אפ האקען, אויב ער וועט דיזה שדוך ניט וועלין!

סְטַייטְשׁ, דֶער פֶעטֶער איז אַנְבִיר, דיא טָאכְטֶער איז אֲבַת יְחִידָה, עֶר בְּלֵייבְּט דָאךְ איין אֵייבִּיגֶער נָגִיד, אַנְבִיר אוֹיף כָּל יָמָיו! וָואס דיא שֵׁיינֶע צוּרְהַקְעלֶעךְ, דיא וַוייסֶע פַּארְצֶעלַאיֶענֶע פְּנִים-לֶעךְ, דָאס איז אַיִחוּס? נָאט אַייךְ אַפִּיטַאק, פַאר אַלֶע אִידִישֶׁע שֵׁיינְקַייט!„ נָאר ר׳ שמואל הָאט גֶעלָאזִין דִי צְדָדִים, זַיי זָאלִין זִיךְ רֵיידִין אוּנ זָאגֶען וָואס זַיי ווִילִין, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען מִיט כָּל הַכֹּחוֹת, אוֹיס פִירִין זַיין פְּלַאן...

זִיצֶענְדִיג מִיט חאצקיל מאירין, אָוֶועגְּ׳ם צייט, בַּאי אַלִיבְּטִיגִין קָאכֶעדִיגִין סַאמַאוָואר, הָאט דֶער פֶעטֶער, מִיט אַלִיבּ שְׁמֵייכֶעלֶע (בַּאי אַלֶע גוּטֶע מֶענְשִׁין, לִיגִין דיא שְׁמֵייכְעלֶעךְ מוּכָן וּמְזוּמָן אוֹיף זֵייעֶרֶע לִיפֶּעלֶעךְ...) גֶעזָאגְט: "אָט וָואס חאצקיל מאירל, קְרִיךְ אַרַיין, טַאקֶע שׁוֹין, אִין דַיין שַׁבַּתְדִיגִין-פּייִלְטָא, מִיר וֶועלִין בַּאלְד גֵיין צוּם — נַאטַארְיוּס!..״

—"אַזוֹי שְׁפֶּעט? אִין אַזָא חֹשֶׁךְ? וָואס וֶועלִין מִיר דָארְטִין טָאהְן?„ הָאט חאצקיל מאיר גִיפְרֶעגְט קוּקִינְדִיג אוֹיפִין פֶעטֶער, מִיט אַזָא קוּק, וָואס מֶען קוּקְט אַמָאל אוֹיף אַיינֶעם בְּשַׁעַת מֶען אִיז אִין כַּעַס אוֹיבּ יֶענֶעמְס דעת אוּנ שֵׂכֶל, גֶעפִינְט זִיךְ, אִין רֶעכְטֶע אָרְדֶענוּנְג, אָדֶער נִיט!

— שְׁרֶעק זִיךְ נִיט מַיין קִינְד!„ הָאט דֶער פֶעטֶער, פַאר-שְׁטֶעהֶענְדִיג חאצקיל מאירס קוּק— גֶעזָאגְט: דִי אִיצְטִיגֶע פִינְסְטֶערְנֶעס וֶועט אַמָאל לִיכְטִיג זַיין. זָאלְסְט ווִיסִין אַז דוּ אוּנ מַיין פֿאלצקע זַיינְט אִיר בַּאי מִיר גְלַייכֶע קִינְדֶער, אִיךְ ווִיל אִיר זָאלְט בֵּיידֶע גְלִיקְלִיךְ זַיין... דוּ פַאר שְׁטֶעהְסְט? אִיךְ גִיבּ אִיבֶּער אוּנ שְׁרַייבּ אִיבֶּער מַיין גַאנְץ פַארמָאג, מַיין גַאנְצֶע "סַאסְטַאיַאנְיֶע„ אוֹיף דִיר מַיין קִינְד, אוֹיף דַיין נָאמֶען; דִי הַייזֶער, דִי קְלֵייטִין, דִי סְחוֹרוֹת, אַלֶץ וֶועט דַיינֶע זַיין; אִיךְ גְלֵייבּ דִיר מַיין קִינְד, מַיין זוּהן, מַיין קַדִישׁ מַיין יוֹרֵשׁ נָאךְ מַיין טוֹיד! אִיךְ גְלוֹיבּ דִיר, אִיךְ קָאן דִיר גוּט, אִיךְ ווַייס אַז דוּ בִּיזְט אַכָּשֶׁרֶע נְשָׁמָה, איין עֶרְלִיכֶע הַארְץ, אַגוּטֶע זֶעעלֶע, אוּנ טַאקֶע דֶערִיבֶּער בִּיזְט דוּ בַּאי מִיר טַייעֶרֶער, הֶעשִׁיבֶּער, פוּן אַלֶע

גליקליכע

גליקליכע שדוכים וואס מען האט זיא טאלצקעלען גירערט ! יא מיין קינד, היינטיגע צייטין מוז מען אזוי טאהן ... "גרעסערע" פון מיר האבין איך אזוי געטאהן, אונ זייגען געלויבט, די "האנד ניט געוואשין" גאנין פיינע, אונ בכבודינע גבירים ... ביים נאטאריוס איז שוין אלעס פארטיג מער ניט וואס מען דארף זיך אונטער שרייבין אין די ביכער . —

אזא פריינדשאפט, מיט אזא גרויסין אנטרויען, מיט אזעלכע געשמאקע ווארעמע ווארטער האט זיך חאצקל מאירין ניט געחלומט, ניט דיא נאכט אונ ניט יענע נאכט, ער איז געווען מלא הדוה, אויסער זיך פון פרייד, ממש ווי שכור, ווי בערוישט פון בעסטין וויין, ער האט בשעת מעשה גאר ניט באקלערט, ניט בעטראכט אונ ניט פארשטאנען אז אין דעם ליילעכל, איז נאך עטוואס פאר וויקילט, אזעלכעס וואס פאר אים איז ניט ליב, ניט גוט אונ ניט געשמאק; חאצקיל מאיר האט אן ווערטער אומגעהאלזט דעם פעטע־אים שטארק געקושט . . .

דעם זעלבען אווענד איז ביים נאטאריוס פאר שריבין געווארין, אז ר' שמואל נעציל הלך לעולמו . . . שבק היים לכל חי, ער האט אסאך סוחרים איבער געלאזין ניט מער וויא ביים לעבען ... אונ חאצקיל מאיר, זה הקטן אט דער קליינער דער משרת, גדול יהי', וועט זיין דער גרויסער סוחר !

די זעלבינע נאכט האבין זיך אויפין וויוועסקע געביטין ניט מער וויא צוויי אותיות, פון א־ש. מיט א—ג. איז געווארין, ת. ם. אונ מער גאר ניט !

כמעט איז פאר באי אחודש צייט, אונ ניט איין נפש פון גאנץ טיפשוקע האט באמערקט דעם הלוף, עס איז פיין אונ שטיל, קיינער ווייס ניט ! —

## 6.

## ער בְּרֵיינְגְט איר בַּאלְד אַהֶער.

אין אַשֵׁיינֶעם פְּרִיה מָארְגֶין, זִיצֶענְדִיג בַּאי זִיךְ אִין קַאבִּינֶעט, אוּנ טְרִינְקֶענְדִיג אַגוּטֶע גְלָאז קַאפֶע מִיט גְרוֹיס הַרְחָבָה, הָאט ר׳ שמואל נעציל אוּים צִיהֶענְדִיג בַּיידֶע פִּיס, אוּנ גְלֶעטֶענְדִיג מִיט זַיין לִינְקֶע הַאנְד, זַיין קְלֵיינֶעם שְׁטֶערִין, אוּים גֶעשְׁרִיעֶן מִיט זַיין דִינְגֶע שְׁטִימֶעלֶע — מַארִיאָ!

מאריא הָאט דֶער קָאנְט דֶעם בַּעַל הַבַּיִת קוֹל, זִיא הָאט זִיךְ דִי מִינוּט גֶעוִויזֶען אוֹיפֶן שְׁוֶועל פוּן רב שמואל נעצילס צִימֶער.

— לייף אִין קְלֵייט, רוּף מִיר חאצקיל מאירין!

דִי לֶעצְטֶע צֵייט, אַז סוֹחְרִים הָאבִּין אָנְגֶעהֵייבִּין פָּארִין אוֹיף קִבְרֵי אָבוֹת, צוּ ר׳ שמואל נעצלין, פְּלֶעגְט עֶר זִיךְ — פוּן כּוּשָׁה אוּנ פוּן גְרוֹיס עַגְמַת נֶפֶשׁ — זַאִיקֶעוֶוען נָאךְ מֶער וִוי תָּמִיד זָאגֶענְדִיג: „חַא..הַא...חַאצְ...קִיל, מִיי...מִיי...מַאִיר אִ...אִיז דֶע...דֶער בַּע...בַּע.. בַּעַל הַ-הַ-בַּיִת!“ אוּנ חאצקיל מאיר פְּלֶעגְט מִיט זַייא דוּרְךְ קוּמֶען אוֹיפִין אִידִישֶׁין דֶרֶךְ, זַיי פְּלֶעגִין בַּאי אִים חַאפִּין 20 קָאפִּיקֶעס פַּארִין רוּבְּל, אוּנ רַייסִין קְרִיעָה דִי וֶועקְסְלֶעךְ, נָאךְ דִי אָפְּגֶעשְׁטָארְבֶּענֶע רוּבְּלְס...

חאצקיל מאיר הָאט קָשֶׁר זִיךְ אַלֵיין פַאר דִינְט אַנֶדֶן פוּן הִיפְּשֶׁע עֶטְלִיכֶע טוֹיזֶענְט רוּבְּל! —

אַז מאריא דִי דִינְסְט הָאט חאצקיל מאירין גֶעזָאגְט עֶר זָאל בַּאלְד אַהֵיים קוּמֶען הָאט עֶר שׁוֹין גוּט גֶעוואוּסְט, אַז מִסְתָּמָא אִיז גֶעקוּמֶען אַסוֹחֵר, וָואס מֶען דַארְף מִיט אִים דוּרְךְ קוּמֶען, אוּנ פוּן אִים פָּטוּר וֶוערִין; אַרַיין קוּמֶענְדִיג אִין פֶעטֶערְס צִימֶער מִיט שְׁטָאלְץ) דִי לֶעצְטֶע צֵייט אִיז עֶר גֶעוָוארִין אַגְרוֹיסֶער בַּעַל גַאֲוָה), הָאט עֶר אַקוּק גִינֶעבִּין אִין אַלֶע ווינְקֶעלֶעךְ פוּן צִימֶער, וִוי עֶר [illegible] אִימִיצִין זוּכִין, אוּנ הָאט גֶעפְרֶעגְט: „נוּ? וואוּ אִיז עֶר?...

— אױפֿן פֿעלד גזלן, פֿרעגסט דו?...

— יאָ, װער איז ער?

— ג-ג-געװען אין קלייט?

— אַשטיינער גיװען...

— האָסט שױן גירעדט?

— מיט װעמען?

— מיט דעם רוצח, מיט דעם גזלן, װיפֿיל מאָנט ער? װיפֿיל װיל ער? װער איז ער?...

— װאָס װייס איך? װאו איז ער דען?

— זאָגסט דאָך, אין קלייט גיװען!

— װער מיינסט איהר איז געװען אין קלייט?

— אַגזלן! אַכלאַק, אַמאַרשאַװער, אַמאַרקאַװער, אַלאָדזער?

— ניין! ס'איז נישט געװען אין קלייט, מיר געזוכט אַהער, האָב איך געמיינט אַז ער איז דאָ!...

— טפֿו!... איז קיינער גיט געװען? מאַריען האָב איך געשיקט דיר רופֿן, װייל איך באַרף דיר, זיץ אַנױילע איך װיל מיט דיר ריידן אַנייטיגע זאַך...

חאַנקיל מאיר האָט זיך גיזעצט ביים טיש, דער פֿעטער האָט אָנגענאָמען פֿאַר זיך און פֿאַר איהם צװיי גלעזער קאַפֿע, און בעטראַכטענדיג אַפּאָר סיקונדען האָצקיל מאירן אין פּנים, האָט ער האַלטענדיג מיט ביידע הענד אַרום געװעהנט די הייסע גלאָז קאַפֿע געזאָגט:

— "איך האָב דיר מיין קינד, געמאַכט פֿאַר אַגביר, פֿאַר אַגאַנצען "בעל הבית, איצט װיל איך דיר מאַכן פֿאַר מיין קינד, דו פֿאַר "שטעהסט, איך װיל דו זאָלסט זיין מיט טאַלצען חתן כלה, און "מאַן מיט פֿרױ... דעם אמת װייסט דו מיין קינד נייער גוט, אַז "מיט געלט האָב איך אָנקאָנט אױס האַקן דעם בעסטן, דעם "גרעסטן און לייטעשטען שדוך; נאָר איך װיל ניט האָבן פֿרעמדע "יורשים, דו ביזט מיין ברודערס זוהן, זאָל מיין געלט בלייבן צװישן

"אונזער משפּחה! זאג מיין קינד ביזט דו מסכּים דער צו, וועלין "מיר די טאג מאכין אתנאים ווי אונז פּאסט, אונ גאט זאל העלפין "געבּען אייך ביידין מזל מיט גליק, מיט לאנגע יאהר אמן!"

חאצקיל מאיר איז גיזעסין שטום וויא אפיש, ער האט געקוקט ערגיץ אן אזייט...

דער פעטער האט שוין גירעט אגוטע פערטיל שעה, ער האט דיא דרשה נעקאנצעט ער וואָרט געבּעך אויף חאצקיל מאירס — "יא!" אונ דער "יא" האט זיך פאר שפעטיגט. ער איז גיט דא! דער פעטער האט געמוזט פרעגין —

— "נו? וואס, טראכטסט דו? אלאנגער ישוב הדעת!"

— "אפּיסילע איז איצט..." האט חאצקיל מאיר, מיט אקורצין אטהום געזאגט: "צו שפעט... מיט איינע 3 וואכין צוריק...

— "וואס איז? דו ביזט שוין אחתן?... האט ר' שמואל נעציל מיט שרעק גיפרעגט.

— יא, כּמעט אחתן...

— פון כּמעט ביז אחתן איז נאך מיין ליבער אגרויסער מהלך.

— ניין! דאס איז שוין גאהענט, בּאי אונז איז שוין גיוועז אוואָרט, איך האב שוין גיגעבּין דיא כּלה אמתנה אויך; אין אחודש ארום, איך וואָרט אויף אבריפל, וועט זיין אונזער חתונה.

— ווער זע איז דיין כּלה? אז דאס איז אזא גרויס איין סאפּענעש! אגרויסע מיוחסת? אגרויסע יפת תאר? פארט וואס?...

— זיא איז גיט קיין יחסינטע, זי איז גיט מער ווי אשוסטערס אטאכטער גאר זייער אשיינע, אקלוגע, אנערעטענע...

— סך הכל אשוסטער סידיל? ווער זע איז איר טאטע? פון ואנען איז ער?

— ער איז אשוסטערקאפּקער!

— אז פון דארטין, נו?... וויא קומסט דו צו איר?

— אבּאשערטע זאך... מסתּמא דארף אזוי זיין, זיא איז געקומען אהער צו אטוטען צו נאכט, זיי דינען גיוועזן אפּאר מאל

אין

אין קלייט, וויא איז מיר גיפעלין גיוואָרין; איך האָב באַלד חוֹכֶך ודוֹרשׁ גיוועזען ווער זי איז, מיר זיינען זיך ביידע גיפעלין גיוואָרין, זיך גינעבען אַוואָרט, אוג נענוג, וואָס נאָך?

— זאָג איר אָפּ... דער שדוך פּאַסט ניט פאַר דיר.

— איך אָפּ זאָגין? ניין, פעטער, סיידין וויא מיר... איך בין אויך אַפּראָסטער אינגיל ניט פון יחוס...

— "ווילסט דו מיט סיין געלט, מיט מיין בלוט, בייך אוג גליקליך מאַכען אַלע שוסטער מיידלעך? האָט ר' שמואל נעציל מיט איין איינגעהאַלטענעם כּעס גיזאָגט: מיינסט אין אמתן, אַז איך האָב זיך איבער גינעבען דיר אין האַנד, וועסט דו באַי מיר אָפּ נעמען מיין גאַנצין אייגינס? ניין, ניין! האָסט אַגרויסין טעות חאצקיל מאיר!" באַי די לעצטע ווערטער האָט ר' שמואל נעציל מיט זיין פויסט גינעבען, אַזאַ קלאַפּ אין טיש, אַז ביידע גלאָזער קאַפּע האָבין זיך איבערגיקערט, אוג איז אַן ווערטער אַרויס גילאָפין פון צימער.

די זעלבינע וואָך, האָט אונטער גענטראָגין, דער גליק (אָדער אונגליק) אַ שדכן מיט דעם יונגען אַלמן הערר פינגער; ר' שמואל נעציל האָט ניט לאַנג געטראַכט, וויסנדיג באַי זיך דעם סוד, אַז ער ליגט באַי חאצקיל מאירין אין די לאַפּעס, אוג וואָס אַטאָג ווייטער, וועט זיין אַלץ ערגער, וואָרום ווי נאָר ער וועט מיט דיא שוסטער מיידיל חתונה האָבין, וועט ער אים אַהאָר ניט געבין... האָט ער זיך אָן געחאַפּט אָן דעם שדוך מיט ביידע האַנד; אַרויס געהאַפּט אויף גיך 3 טויזענט רובל גינעבין נדן, זאָל די טאָכטער דער ווייבע האָבין... אוג זאָל טאַקע זיין "טריפהנער בּיין" וויסין אַז דער פעטער האָט באַקומען אַבעסערין חתן פון אים, אוג אַז דע ווייבע איז ער דער בעל-הבית!

אין אמת'ן האָט דער פעטער געהאַט אַמאָוסין טעות; חאצקיל מאיר האָט קיינע שלעכטעס ניט גיקלערט ניט געטראַכט אוג ניט געמיינט; ער האָט גאַנץ שטיל צו געקוקט דעם פעטערס כּעס, זיין

בהלה

גְּדוּלָה, מִיט זַיין גְּלִיק, אוּנ גְּרוֹיסִין אוּנְגְלִיק, זַיין הַאר֗ץ הָאט אִין אִים גְעוויינְט פוּן צַער. אִין ווייטָאג נָאר הֶעלְפִין הָאט עֶר זִיא נִיט גְעקָאנְט. —

אוּנ וועלְט בְּלַייבְּט וועלְט. דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער דֶער לֶעבְּט, אוּנ לֶעבְּט אִיבֶּער אַלֶעסְדִינְג, סַאי גוּט סַאי שְׁלֶעכְט! אָט אִיז שׁוֹין אַוֶּועק צַייט, נָאךְ דִי אוּנְגְלִיקְלִיכֶע שֶׁבַע צָרוֹת, ר' שְׁמוּאֵל נֶעכִיל אִיז זַייעֶר אוּמֶעדִיג, זַייעֶר גֶעקְרֵיינְקְט, דָאס זֶעלְבִּיגֶע דִי יוּנְגֶע ווייבְּל, אָדֶער דִיא גַייעֶע עֲגוּנָה, אִיז פוּן צַער פוּן בִּיוּשׁ נָאךְ מְאוּסֶר גֶעוָוארִין נָאר דִי אַלֶע צָרוֹת, הָאט זִיי נִיט גֶעקְרֵיינְקְט אַזוֹי פִיל, ווִיא דָאס וָואס חאצקיל מאיר אִיז אַוֶועק גֶעפָארִין קֵיין שׁוּסְטֶערְקָאגֶע אָפְּשְׁטֶעלִין הוּפָּה מִיט זַיין שׁוּסְטֶערְקֶע (דָאס אִיז זַייעֶר מְלִיצָה ווָארְטֶל) אוּנ וָוס אִיר בַּאלְד בְּרֵיינְגֶען אַהֶער.

—⊶⊷—

# 7.

## אַגְרוֹיסֶער טָעוּת.

צֶערְנֶע, חַייקִיל דֶעם שׁוּסְטֶערְס מֵיידְל הָאט גֶעהַאט אַגוּטִין נָאמֶען אַגוּטִין בֶּערוּף נִיט נָאר אִין שׁוּסְטֶערְקָאפְּקֶע, אֲפִילוּ אִין דֶער גַאנְצֶע סְבִיבָה אוֹיךְ! אַשֵׁיינֶע אַלִיכְטִיגֶע מֵיידְל, אַפְּנִים פוּל מִיט חֵן אוּנ לֶעבֶּען אִיז גִיוֶועזֶען צֶערְנֶע; אַפְּגֶעווַאקְסִין אִיז זִיא גִיוֶועזֶען ווִיא אַשֵׁיינֶער בּוֹים, אִירֶע שְׁוַוארְצֶע אוֹיגִין הָאבִּין ווִיא מִיט פַייעֶר גֶעבְּלִיצְט, אוּנ פָּאר אֵיינֶם, ווִי אַמַאגְנֶעט גֶעצוֹיגֶען זִיךְ אַלֶעמֶעס אוֹיגֶען אוּנ הַארְצֶער; אִיר יֶעדֶער קוּק אִיר יֶעדֶער תְּנוּעָה אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט חֵן! ווער עֶס הָאט אִיר גִיזֶעהִין, הָאט נִיט גֶעקָאנְט אָפּ רַייסִין זַיינֶע אוֹיגֶען פוּן דִי קַארְטִינֶע, פוּן דֶעם אָבְּגֶעמָאלְטִין בִּילְד; יֶעדֶער אֵיינֶער הָאט זִיךְ גֶעחִדוּשְׁט, גִיפְרֶעגְט מִיט פַּאר וואוּנְדֶערוּנְג, ווִיא קוּמְט צוּ אַפְּרָאסְטִין שׁוּסְטֶער אַזַא פֵיין קִינְד, אַזַא גָאטְס מַתָּנָה! יֶעדֶער

קאן

קָאן לַייבְּט פַאר שְׁטָעהְן , וָוען דִי זָעלְבִּיגֶע צֶערְנֶע וָואלְט דָעם גְלִיק געהאט גֶעבָּארִין וָוערִין בַּאי בִּייבֶע עֶלְטֶערִין , וָואלְט זִיא גֶעוִוים דִי לִיקְלִיכְסְטֶע אוֹיף דֶער וָועלְט גִיוָועזֶען ; נָאר , וָואס זָאלִין מִיר לַייקֶענֶען , אִי קַבְּצָנִים , בַּאי אָרֶעמֶע לַייט , וָוערְט פוּן גָאלְד — בְּלֶאטֶע !

יַא , זֶעלְטֶען , זַייעֶר זֶעלְטֶען טְרֶעפְט , אַז פוּן שְׁלֶעכְטֶע פַאר יִילְטֶע וָוארְצְלֶען , זָאל אוֹיס וַואקְסִין אַפְּרַאכְט פָאלְלֶער בּוֹים ! נָאר אַךְ זֶעלְטֶענֶער טְרֶעפְט , אַז אַפַּיינֶער אֶפְּפֶעלֶע , זָאל זַיין בֶּעהִיט אוּנ פֶערְוָוארִינְט פוּן אַשְׁלֶעכְטִין וָוארִים !...

עֶרְפָאהְרֶענֶע מֶאנְשִׁין , גֶענִיטֶע מֶאנְשִׁין , וַוייסִין מִיטְלֶען , וָואס זַאר יָאגֶען פַאר טְרַייבִּין דִי וָוערִים ; זַיי וַוייסִין וָואס צוּ טָאהן , וְויא אָף רַאטֶעוָועִן יֶעם גוּטִין בּוֹימֶעלֶע דָעם זִיסִין אֶפֶּעלֶע פוּנְ-ם מַלְאַךְ הַמָּוֶת נָאגֶל ... נִיט אַזוֹי , זַיינֶען פְּרָאסְטֶע אוּנְוִויסֶענְדֶע מֶאנְשִׁין , זַיי זֶעהְן וִוי דֶער וָוארִים וָועבְּט זַיינֶע "וָועבֶּעכְץ„ אוֹיף דִי צְוַוייגֶעלֶעךְ פוּנְ-ם בּוֹימֶעלֶע ... זַיי זֶעהְן וִוי דִי בְּלֶאטֶעלֶעךְ הֵייבִּין אָן טְרִיקֶענֶען , דַארִין , וְוִיאַגֶען , אוּנ צוּ דֶער עֶרְד פַאלִין ! זַיי זֶעהְן וִוי דֶער וָוארִים קְרִיכְט מִיט חֵשֶׁק צוּם אֶפֶּעלֶע וִוי עֶר טָאטְשֶׁעט אִים , עֶר לָאבֶּערְט אִים , עֶר זַייגְט זַיין זַאפְט , צִיהט אוֹיס זַיין חִיוּת ... נָאר זַיי וַוייסִין נֶעבֶּעךְ נִיט , וָואס צוּ טָאהן , וִוי צוּ רַאטֶעוָועִן דָעם בּוֹימֶעלֶע , וִוי צוּ בֶּעהִיטִין דָעם אֶפֶּעלֶע !

אִין דָעם דָאזִיגֶען יוּנְגֶען בּוֹימֶעלֶע , אִין דָעם פַיינֶעם אֶפֶּעלֶע , אִין חַייקְל דָעם שוּסְטֶערְס שַׁיינֶע טָאכְטֶער , הָאט זִיךְ אַרַיין גֶעכַאפְּט אַוָוארִים ...

זַיי הָאבִּין גִיזֶעהן , וִוי עֶר קְרִיכְט , עֶר וָועבְּט , עֶר פַארְפְּלָאנְטֶערְט אוּנ פַאר וִויקִילְט זַייעֶר שַׁיינֶע צֶערְנֶען , אוּנ הָאבִּין נִיט גֶעהַאט קֵיין שֵׂכֶל קֵיין דַעַת וִוי אָפּ צוּ רַאטֶעוָועִן זַייעֶר לִיבּ קִינְד .

צערנע אִיז גִיוָועזֶען אַפַּיין קִינְד , אַיין עֶרְלֶעךְ קִינְד ; אוּנ חייקל הָאט זַייעֶר גֶעהִיט זַיין טָאכְטֶער , עֶר הָאט גֶעהִיט אִיר גוּף , עֶס זָאל אוֹיף אִיר נִיט פַאלִין אַשְׁטוֹיבּ , זִיא זָאל נִיט בֶּערִירְט וָוערִין מִיט אַפִּינְגֶער , פוּן קֵיינֶעם , אוּנ הָאט נִיט גֶעהִיט אִיר נְשָׁמָה , אִיר הַארְץ ,

אירע מחשבות. —

די אונגעבילדיטע שיינע אָרעמע מיידיל, האט ליב געהאט — ווי אַלע — אונ נאָך מער, אַשיינעם קאָמפּלימענט, זיא פלעגט דאס נעמען פון יעדערין, אונ פון אַלעמען; אַקאָמפּלימענט, אַוואָרט, אַמתּנה, אַהבטחה, דעם וועהרט פון דאס אַלעס האט זיא ניט פאַר שטאַנען, דאס האט זיא פון יעדערין גענומען, אונ יעדערין אָפּ גינעבין, אונ דער חסרון אירער, די נאַרעשע שלעכטע מדה, האט זיא אונגליקליך געמאַכט.

אַז צערנע איז געקומען פון טיפּשווקע אַהיים, אונ האט מיט געבראַכט די מוטעם בריף צום טאַטין, אַז זיא די מוטע איז מסכים צום שדוך אַז זי צערנע זאָל זיין האצקיל מאירס כלה, אונ האט געוויזין די מתּנה וואס ער האט איר גינעבין: זיינען די עלטערין זייער, אונ זייער צופרידען גיווען; אונ האבין מיט אונגעדולד געוואַרט, אויף דעם טאג, וואס דער חתן וועט קומען, זיי זאלין אים זעהן מיט זייערע אויגען, זיי זאלין זוכה זיין דער וואַרטין דעם תּנאים אונ דער נאך די חתונה.

אונ זיי האבין זיך דער וואַרט, דער חתן איז געקומען... נאר וואס העלפט זיי דער חתן, אַז די טאכטער איז ניט דא! מיט צוויי טאג צוריק איז זי אַוועק געפאַרין... אַטאג, אונ צוויי, אונ פינף האבין זיי אַלע געוואַרט, "אט קומט זי!" "אט קומט זי!" זי איז אַוועק געפאַרין ניט מער אויף איין טאג צייט, אונ דאס זיינען שוין זעקס טאג; די עלטערין רירין זיך פון זינען, זיי ווייסין ניט וואס צו טאהן? וואו צו לויפין? וואו צו זוכין, אונ וואס צו טראַכטין!

דער חתן, אונזער בעקאַנטער האצקיל מאיר איז געבליבען וואַרטען נאך אַטאג, מער קאן ער ניט, אונ מער טאר ער ניט וואַרטען, אָבער וואס זאל ער טאהן? הונדערט קארבען האט ער גענעבען. אַ מתּנה... אָפּ גירעט זייער פיין; מיט דעם פעטער ניוואַרין שונאים אויף מעסער, איבער וועמען? אַלין איבער איר.

אונ צום לעצט וועט ער קומען מיט דעם בייטש-שטעקל... אין דאס אקלענערער פאטש אין פנים, אקלענערער בזיון פון פעטערס מיט טאלצקעס בזיון? ... וועלען דען זיינע חברים אים ניט אויס לאכען, פון היגטער זיינע פלייצען? מיט אומעדיגע מחשבות איז האצקיל מאיר אומגינגאנגען הין אונ צוריק באי זיך אין צימער, ער האט זיך אליין ניט געגלויבט, אז דאס איז אויפען וואחר, אז דאס איז אלעס ריכטיג,

נאר באלד האט ער דער הערט אקלארע ידיעה, אז צערנע, הייקילס דעם שוסטערס טאכטער איז אנטלאפען מיט איינעם אשארלאטאן אבל בוניק אמשורר פון אהין, וואס האט אפ גישטעלט אחופה אין טפשוקע, מיט אגבירס אטאכטער, אפ געקומען קודם החופה דריי טויזענט רובל נדן, אונ פון שבע ברכות גימאכט א עבירה, אונ ניקומען אהער. אונ צו נעהאפט די מיידיל, זיי זיינען ביידע אנטלאפען קיין קאנסטאנטינאפאל.

מיט אשעה שפעטער האט האצקיל מאיר גילייענט דעם בריף, וואס זיא צערנע האט זיצענדיג מיט איר ליבען חתן פינגער אין פאראהאד, גישריבען צו אירע עלטערין, זיי גיבעטין, זיי זאלין זיך ניט קצער זיין; זיי האבין פריער גיזעהן, אונ גיוואוסט, אז פינגער דער זינגער איז אגרויסער איינגייטער צו זיי, זייער בקורב'דיג, זייער בעפריינדעט, האבין זיי גידארפט אליין פאר שטיין, אז זייא וועלען סוף כל סוף זיין חתן כלה, מאן אונ פרוי.

דעם נעלבינגען טאג, איז ער גיפארין צוריק אהיים, האצקיל מאיר האט גיזעהן בעשיינפערליך, אז ער האט זיך אפ גענארט, ער האט דיך אויס געהאט אגרויסען טעות!

8.

פאסעלעך זיינען זיך פאר באי נעאנגען אנדערהאלבין יאר,
בלומקע

בלומקע די ענונה איז גיפארין צוריק אהיים, זיא איז אגייערין, זיא ארבעט טאג וויא נאכט, אונ האט קוים קוים דאס שטיקעל טרוקע ברויט; איר מוטע זלאטע דער ציילט נאך עד היום די נסים ונפלאות. וויא זיא תאט אים דער קאנט, וויא זיא האט אים אנגעטאפט ביים פאלע גייענדיג פון תופה, וויא זיא האט גישריען אידען ראטעוועט! א. ז. וו.. — טאלצע די צו נעדעקטע קאפ' זיצט ביים רייבן טאטין. אונ ווערט פון טאג צו טאג מער מנוולת! ר' נעציל מאיר, האט זיך שוין במעט אפ געטרייסילט פון אלע חובות, אונ טראכט איבער נעמען די מלוכה צוריק אויף זיין נאמען; חאצקיל מאיר איז נאך אלין אבחור, ער איז שוין מיט דעם פעטער גוט פריינד, אפילו מיט טאלצקען אויך, וואלט זיא איצט גיוועזן אאיידיל, וואלטין מיר גיהאט אחתונה; חייקל דער שוסטער קלאגט אונ ווייגט, נאך זיין טאכטער, וואס ער האט ניט זוכה געוועזן איר פירען אונטערין חופה, אונ יענער שארלאטאן האט זוכה געוועזן איר פאר פירען מעבר לים.

נאר דער ווינטשעלע האט באלד געגעבען אבלאז צו ריק, אונ דיא אלע בילדער האבען איין אנדער צורה איין אנדער פנים באקומען. —

ר' שמואל נעציל איז אוועק געפארען מעבר לים אז קיין קאנסטאנטינאפאל, דארט האט ער אפ געזוכט פינגער דעם זינגער; אונ ביא אים ארויס גענומען אנט פאר זיין טאכטער, אונ אנט פאר זיין ערשטע ווייבל, בלומקע דיא שיינע, אפילו צערנע חייקיל דעם שוסטערס האט ער אויך געבראכט, נאר אויך אגינטע; תיכף דעם ערשטין האלב יאהר, האט פינגער איהר גיוואָרפין, אונ פון גרויסע צרות, איז זיא געבעך גיווארען שווארץ אונ פינסטער, יט צו דער קאנען. — קומענדיג אהיים איז גיוועזן ששון ושמחה, טאקע באלד נאכין גט, איז גיוועזן חתונה ביא חאצקיל מאירין מיט טאלצקין; דיא גאנצע שטאדט האבין זיך משמח גיוועזן. אפילו זלאטע מיט איר בלומקען זיינען גיוועזן אויף חתונה: בלומקע האט טאקע אויך באלד אין גיכין חתונה גיהאט מיט אשוסטער איין

אלם

אלמן, און דער צוילט איהר'ן צרות אין פריידין, דיא גאנץ איצט, פאר אלע יאהרין, אין אגאנצע פאר שיך, זיא וואהנט טאקע אין טיפשווקע, אונ קומט אלע שבת צו דיא מומע זלאטען צו גאסט.

צערנע איז איצט ביים ארעמען מאטען, זיא רוהט זיך אפ, זיא קוקט זיך אום, וואו זיא איז אויף דער וועלט, זיא עסט, זיא טרינקט, זיא קלייבט כוחות, זיא קומט צו זיך, אונ זיא ווערט פון טאג צו טאג שענער — עס איז פאר בייא נאך אקארגער יאהר, גיט מער, אונ אסאך פון אונזערע בעקאנטע, האבין ווידער דערקענט אנדערע פעני-מער.

ר' שמואל געציל האט זיך משמח גיוועזן מיט זיין פאר פאלג. אקארגין האלב יאהר, אונ איז גישטארבין, אגישטארבענעם האלט מען ניט, אונ מען האט אים באגראבין, טאקע אויבין אן... אויף אגאנץ הויכין ארט, וויא פאר אגרויסען מענשען פאסט; דיא יונגע ווייבל טאלצע האט צו 9 חדשים פינקטליך מוליד גיוועזן, אונ... ניט פאר קיין אלטע מיידיל גידאכט, גיוועזן אשווערע געוויינערין, אונ איז צווייא וואכין ברית פון געבוירענעם זוהן — געשטארבען; חאצקעל הענעך איז גיבליבין איורש אדייכער אלמן. באלד נאך שלשים האט מען איהם אנגעהייבען שדכינען טייערע שדוכים.

דיא זעלבינע צייט, האט צערנע באקומען אבריפעלע פון דיא מומען, זיא איז גיקומען צו געסט; חאצקיל מאיר האט זיא דער זעהען, דיא אמאליגע ליבע איז נאך ניט גיוועזן פאר ראסט...די פלאמען האבען זיך צו פלאקערט, ער האט אפ געזאגט אלע שדוכים, אונ גענומען דיא ארעמע מיידיל, דיא גרושה....

דיא פרייד פון צערנעם עלטערין איז גיוועזן זייער גרוים, אלע האבין גיזאגט: מען זעהעט אז דאס איז אבאשערטע פאאר! אז דאס איז אמת, בין איך אויך צו פרידען.

## ענדע